ירדנה פיין

# דאס אינגל פון קאראסקאל

## דאמינגא פאאוסטינא סארמיענטא

* * *

MICROFORM

1941

בוענאס איירעס

# אינהאלט:

מיט דער דאָזיקער ביאָגראַפישער ארבעט איבער סאַרמיענטאָ, בורייטערט אויס ירדנה פיין, — די יונגע קינדער שרייבערן וועלכע א ז גוט באַקאַנט די לערער און שילער — איר ליטעראַרישן זשאַנר. פון דערציילונגען געבויט אויף פאַנטאַזיע און עפּיזאָדן, גייט זי איבער אין איר איצטיקער ארבעט צו שילדערונגען פון די רעאַלע און ברויזיקע קינדער יאָרן פון איינעם פון די אינטערעסאַנטסטע און וויכטיקסטע פיגורן פון ארגענטינער געשיכטע.

גוט האָט געטאָן ירדנה פיין צו אויסוויילן דוקא סאַרמיענטאָ אַלס ערשטע טעמע פאַר א ביאָגראַפישער ארבעט. סאַרמיענטאָס קינדער־יאָרן, ריין אין פסיכאָלאָגיש שטאַרקע מאָמענטן זיינען אויך דראַמאַטיש לעבעדיק. דעריבער זיינען זיי אויך אָנציענד און דערוועקן דעם געהעריקן אינטערעס און אויפמערקזאַמקייט פונעם לעזער, ספּעציעל פונעם קליינעם לעזער, בפרט נאָך ווען זיי זיינען געשריבן, ווי אין אונזער פאַל, בילדלעך מיט הומאָר און עמאָציע.

ביאָגראַפיעס ווערן לעצטנס באַטראַכט פאַר איינע פון די בעסטע דערציערישע מיטלען צו וועקן אין די הערצער פון קינדער עמאָציע פאַר די וויכטיקע היסטאָרישע געשעענישן און רעספּעקט צו אירע העלדן.

אין די קינדער יאָרן פון סאַרמיענטאָ, וועלכער האָט זיך שפּעטער דערהויבן צו דער מדרגה פון א פערזענלעכקייט אין וועלט פאַר נעם, זיינען פאַראַן מאָמענטן וועלכע זאָגן אָן די גרויסע מעשים וואָס ער איז געווען באַרופן צו רעאַליזירן.

פאַר אונזערע שולן איז די דאָזיקע ביאָגראַפיע, געשריבן פון ירדנה פיין, אויסער אַלגעמיינער באַדייטונג, אויך אַן ארבעט פון באַזונדערן ווערט, ווייל זי דינט אונז גלייכצייטיק אַלס וויכטיקער ביישטייער פאַרן למוד פון „טעמ אס פאַטריאס" וואָס איז לעצטנס באַ אונז איינגעפירט געוואָרן דורכן נאַציאָנאַלן שולראַט. די קינדער און לערער וועלן איר זיכער דאַנקבאַר זיין פאַר דער שיינער מתנה וועלכע שטעלט זיי אין אינטימען קאָנטאַקט מיט די קינדער יאָרן פונעם גרויסן ארגענטינער דערציער, שרייבער און שטאַטסמאַן: ד. פ. סאַרמיענטאָ.

פּראָפ. יוסף מאַנין

*Jordana Fain, espíritu sensible y ensoñado derrama su generosidad amorosa en las presentes cuartillas irradiadoras de fé argentinista e impregnadas de pasión educativa. Sarmiento es el héroe que ha escogido para el suave y arrullador aleteo que quiere provocar en el alma del pequeño lector judío.*

*Nada más acertado que presentar a nuestros niños el ejemplo de esa vida sin par del más grande de nuestros maestros que en vida fuera Don Domingo Faustino Sarmiento.*

*El niño judío al familiarizarse simultáneamente con los episodios de la gesta argentina y con las narraciones de la historia hebrea, logrará, quizás, con la ayuda de éste cálido relato, atar los hilos sutiles que homologan al Maestro Hilel, al heróico y sabio Rabi Akiba con el Maestro de los Maestros argentinos.*

*¡Cuánto más firme será su amor a la Argentina, cuánta más sólida la fé de los pequeñuelos en todos los eminentes personajes que, al conjuro de idénticas inspiraciones de superación humana, labran el progreso del espíritu humano!*

*Una honda emoción humana campea en todas las páginas de éste trabajo; un estilo límpido y suave, sin contorsiones lingüísticas ni amaneramientos caprichosos, le prestan amenidad desusada y le otorgan un interés creciente, igualmente cautivador para los lectores de toda edad.*

*Y si éste no fuera mérito suficiente, debemos agradecer a Jordana Fain, también el hecho de convertir a su héroe argentino en categoría general. — Judíos hay en todas partes del mundo; el idisch es todavía lengua dominante de la grey dispersa. No olvidemos pues que el niño judío de Polonia, como el que habita el Asia ó la América del Norte, también unirá de hoy en adelante, a la constelación de su fantasía comunicativa, la estrella tutelar del prócer argentino.*

*MAXIMO YAGUPSKY.*

אַלע קינדער פון שטאַט און פּראָווינץ — באַזונדערס די וואָס האָבן מיר נאָכגעשיקט אין מיינע דערציילונגען פון דעם „קינדער־ווינקל" אין די „די אידישע צייטונג" — זיי איז געווידמעט דאָס דאָזיקע קליינע ביכל.

זייער באַקענטקייט האָב איך געפילט פאַר דער גאַנצער צייט. דאָס איז מיר געווען אַ סימבול אין מיין שטרעבן צו דערנענטערן זיך צו דער נשמה פון אונזער אידיש קינד און אים דער־נענטערן און לערנען ליב האָבן אידיש ווי איך האָב עס ליב.

דו קליינער לעזער —

אַז דו וועסט לייענען, פאַרשטיין און פאַרגעניגן האָבן פון דעם דאָזיקן ביכל, וועל איך זיין אויסערסט צופרידן.

י. ס.

## ג ע ב ו ר ט

אויב איר זעט מיך באַגלייטן, וועלן מיר מיט אַ גרויסן שפּרונג אויף צוריק אין דער צייט, זיך אַריבערטראָגן אין דעם יאָר 1811.

מיר געפינען זיך אין דער פּראָווינץ סאַן־כּואַן וואָס האָט געציילט אין יענער צייט פון אכט ביז צען טויזנט איינוואוינער.

ווייט פון'ם קאָמפּאַקטן ישוב, וואו עס ציען זיך ווייןגערטנער און עס וואַקסן געדיכטע פּאַלמען און מאַראַנצנביימער, וואוינט די אָרימע באַפעלקערונג אין געגנט וואָס הייסט: „קאַראַסקאַל".

אין דעם דאָזיקן געגנט, אָפּגערוקט, נאָענט שוין צום פרייען פעלד און צופוסנס פון אַ באַרג, אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן גרינס־גאָרטן און אויסבאַהאַלטן אונטער געדיכטע קלעטערנדיקע פלאַנצן, שטייט אַ פּרימיטיוו שטיבל — צוויי גרויסע העל געקאַלכטע צימערן מיט אַ נידעריקן דאַך פון שטרוי. אין יעדן צימער אַ גרויסער פענצטער מיט גראַטעס וואָס קוקן אַרויס צום הויף וואו עס דרייען זיך אַרום עופות.

אונטער אַ ברייט צעוואַקסענעם פייגנבוים וואָס אין מיטן הויף, וועלכער בויגט זיך איבערן דאַך

פון שטוב מיט א מאסע צווייגן, שטייט אַ וועבּ־מאַשין. דער קאָלירטער טעפּיך וואָס פלעכט זיך אויף זיינע פעדימעס וואַרט אויף די הענט וואָס דאַרפן אים באַפרייען פון די פּענטעס... מען האָט אים דאָ געלאָזט שטעקן אין מיטן אויספאַרטיקן.

פון דער ברייט אויסגעשפּרייטער טיר פון שטיבל, איילן אַריין און אַרויס אַ פּאָר יונגע מיידלאַך. עס פלאַטערן ביי זיי די טונקל־פּולע באַקן און מען זעט אין זייער געשפּאַנטקייט אַז עפּעס אויסערגעוויינ־לעכעס קומט פאָר דאָרט אינעווייניק אין די צי־מערן פון שטוב.

ווער וואוינט אין אָט דעם שטיבל? וואָס קומט דאָרט פאָר?

דאָס שטיבל פון דעם „קאַראסקאַל"־געגנט אויס־באַהאַלטן צווישן פלאַנצן, געהערט צו דאָן כאָסע קלעמענטע פאַרמיענטאָ און זיין משפחה: די פרוי דאָניאַ פּאַולאַ אַלבאַראַסין און זייערע פיר טעכטער.

דאָן כאָסע קלעמענטע פאַרמיענטאָ שטאַמט פון די בעסערע פאַמיליעס פון דער פּראָווינץ כאַך כיאַן. ער איז אַמאָל אַליין געווען א גוטשטייענדער ערד־באַזיצער, אָבער צוליב פאַרשידענע אומ־שטענדן איז ער געוואָרן שפּעטער א קליין הענד־לער און פלעגט אָפט אַרומפאָרן פאַרלאָזנדיק איף לאַנגע פּעריאָדן זיין הויז מיט ווייב און קינדער.

אַן איבעריאיקער גייסט און אַ טרוימער פון נאַטור, איז ער געווען פון די ערשטע צום באַ־גייסטערן זיך פאַר אַ נייעם געדאַנק און ער איז טאַקע פון די ערשטע געווען וואָס האָבן פאַר־שפּרייט צווישן פאָלק נייע רעוואָלוציאָנערע אידעע־ען. דאָן קלעמענטע איז זייער באַוואוסט געווען מיטן צונאָמען „טאַדרע פאַטריאַ", צוליב זיינע פייערדיקע און עקזאַלטירטע פאַרטיידיקונגס־רעדעס פאַרן פאָטערלאַנד.

דאָניאַ פּאַולאַ אַלבאַראַסין, זיין פרוי, האָט גע־שטאַמט פון אַ פאַרצווייגטער משפחה, פון וועל־כער עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די מאַנספאַר־

שיינע מיט זייערע שאַרפע קעפּ און ברויזנדע נאַטורן.

דאָס האָבן זיי געירשנט פון זייער עלטער־זיידן א ל ־ ב ן ־ ר א ז י ן — וועלכער איז פונ'ם אָריענט אין דעם נייעם קאָנטינענט אריבערגעקומען, געטריבן פונ'ם רייץ אויסצוגעפינען די אוצרות וואָס האָבן געשמ'ט צו זיין אויסבאהאלטן אין די נייאויסגעפונענע ערדטיילן.

דאָניאַ פּאַולאַ האָט געטראָגן אויף זיך די גאַנצע זאָרג און אחריות פון דער שטוב, וועלכע זי האָט פון אירע פאַרדינסטן געלאָזט אויסבויען נאָך מיידלווייז און אליין צוגעהאָלפן די אַרבעטער אין זייער אַרבעט.

זי פלעגט מאַכן פאַרשידענע האַנט־אַרבעטן און זיך אויסגעצייכנט מיט איר וועבעריי. אירע טעפּיכער, קראַוואַטן, זאָקן, שאַלן און פאַטשיילעך פלעגן קויפן די רייכע דאַמען פון דעם גאַנצן אַרום און מען פלעגט צאָלן אַ גוטן פּרייז. דאָניאַ פּאַולאַ פלעגט אויך פאַרבן סחורה'ס און פאָרים מיט זייער אַן אייגנאַרטיקן געשמאַק. און די ווינטערנעכט פלעגט זי אַחוץ דעם קניטן חלב און מאַכן ליכט אויך צו פאַרקויפן אין די קלויסטערס.

צו די אַלע אינדוסטריעס, פלעגט זי נאָך אויסגעפינען צייט צום אָפּגעבן זיך מיט דעם גרינס־גאָרטן און אַ דאַנק איר אומדערמידלעכער אַרבעט האָט די פאַרמיענטאָ־משפּחה געמאַכט אַ באַשיידן אָבער אָנשטענדיק לעבן.

דאָניאַ פּאַולאַ האָט געהאַט געבוירן פיר זין, וועלכע זיינען אויסגעשטאָרבן קליינערהייט. דאָס איז געווען איר טיף פאַרבאָרגענער צער וואָס האָט אַ שאָטן געלייגט אויף איר „קריאָישאַ" געזיכט. אין דעם דאָזיקן שטילן ווייטיק האָט זי דאָך ליב געהאַט איר לעבן פון אַרבעט און האָט דערציִען אירע טעכטער — געזונטע, ענערגישע און געראָטענע.

„יאָג ניט קיין ל י ג ן, ק ל אָ ג זיך ניט און אַ מ ע נ ט ש זאָלסטו זיין" — דאָס איז געווען

די אײנפאַכע לעבנס־חכמה מיט װעלכע דאָניאַ פּאַולאַ האָט צעמענטירט די דערציאונג פון איר פאַמיליע.

אין יענעם טאָג אין װעלכן מיר טראָגן זיך אַריבער אין דעם קאַראַסקאַל־געגנט פון פּאַרבאַן — דעם 15־טן פעברואַר 1811 — האָט דאָניאַ פּאַולאַ אַלבאַראַסין דע סאַרמיענטאָ געבוירן אַ פינפטן זון.

דער איבערגעגעבענער פריינט און קרוב פון דער משפחה דאָן כאָסע דע אָראָ, פּריסטער פון דער אָרטיקער קריסטלעכער קירכע, האָט מיט אַלעמענס צושטימונג אַ נאָמען געגעבן דעם נײַ־געבוירענעם: פאַוסטינאָ װאַלענטין. אַזױ װי אָבער די סאַרמיענטאָ'ס האָבן געגלױבט אין דעם „סאַנטאָ דאָמינגאָ" אַלס זײערן אַ באַשיצער, האָט מען, כּדי צו פאַרהיטן דאָס נײַ־געבוירענע קינד פון'ם שלעכטס װאָס האָט פאַרפאָלגט די פריערדיקע זין, װעלכע זײנען יונג געשטאָרבן, אים געגעבן אַ צונאָמען: דאָמינגאָ.

---

## נײַע צײַטן

די דאָזיקע גליקלעכע פאַמיליע־געשעענישן, איז פאַרגעקומען אין דער צײַט װען איבער גאַנצן לאַנד האָבן זיך געטראָגן מיט אַ שטאַרקן איבפּולס, די נײַע אידעאַלן װאָס זײַנען פּראָקלאַמירט געװאָרן דעם 25־טן מײַ 1810 אויף די באַלקאָנען פון'ם „קאַבילדאָ" אין בוענאָס אײַרעס.

אין יענעם טאָג האָט דאָס פאָלק מיט אויסדויער און עקשנות אָפּגעװאַרט אונטער אַ שנײַדנדיקן רעגנדוינס דעם רעזולטאַט פון דער באַראַטונג צװישן זײערע פאָרשטײער און די דאַמאָלסטיקע רעגירער. די פאָדערונגען װאָס ס'האָבן צוגעשטעלט די יונגע פּאַטריאָטן צו דער שפּאַניאָלישער רעפּרעזענטאַטיװער מאַכט זײַנען געװען דער ערשטער פּרואװ צו אומאָפּהענגיקייט פון דער שפּאַנישער איבערמאַכט איבער די פּראָװינצן פון'ם „לאַ־פּלאַטאַ"־טײַך און דער ערשטער שפּאַן צו אַ נײַער פיל פאַרשפּרעכנדיקער צוקונפט.

איבער אַלע פּראָװינצן האָבן בליץ שנעל זיך

צעטראָגן די רעזולטאַטן פון יענעם רעוואָלוציאָנערן פּרואוו און ס'האָט אויפגערודערט אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלער פון לאַנד, וואו עס איז נאָר געווען אַ היפּל איינוואוינער, אַ פּאָר שיטערע כאַטעס צעוואָרפן אויף פּרימיטיווע געסלעך, האָט זיך באַמערקט אַן אויפטרייסלונג אינ'ם לעבנס־שטייגער און ס'האָט געווירבלט מיט עקזאַלטירטע שטימונגען.

אַלע פּראָווינצן פונ'ם „לא פּלאַטאַ״ - טייך האָבן ווי אויפגעוואַכט פון זייער קאָלאָניאַלן שלאָף און דערפילט אין זיך נייע כוחות.

אין די דאָזיקע שטורמישע טעג וואָס האָבן פאַראויסגעזאָגט נייע צייטן, איז געבוירן געוואָרן דער פינפטער זון ביי די פאַרמיענטאָ'ס, ברייננדיק אויסערגעוויינלעכע פרייד פאַר דער מוטער וואָס האָט אין דעם נייגעבוירענעם קינד, געפינען אַ טרייסט פאַר אירע פיר פאַרלוירענע זין.

נישט ווינציקער איז געווען די פרייד פון דעם פאָטער און די טעכטער. פון יענעם טאָג אָן איז דאָס אָרימע שטיבל אין קאָראַסקאַל אָנגעפולט געוואָרן מיט אַ נייַ לעבן און יעדער איינער אין שטוב האָט זיך געפלייסט איבערשטייגן דעם אַנדערן מיט זיינע באַביאַרגונגען פאַרן קינד.

**ערשטע טריט**

דער איינציקער זון ביי די פאַרמיענטאָס, איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין אָרימקייט אָבער אַרומגערינגלט פון אַ ליבענדיקער איבערגעגעבענער פאַמיליע וואָס האָט נישט געשפּאָרט קיין מי פון זיינעטוועגן.

דאָמינגאָ איז געוואַקסן אַ געזונט קינד. די שטריכן אין פּנים שאַרפע — אַ ברייטע נאָז, פלײשיקע ליפּן, ברייטע ברעמען איבער די אויגן. זיין בליק, איז ווי ביי זיין מוטער, פול מיט צאַרטן ציטער געווען. זיין קאָפּ אַ גרויסער מיט געדיכטע לאַנגע האָר, און אַ ברייטן שטערן וואו עס האָבן זיך שאַרף געצייכנט די געדיכטע ברעמען.



אויפן ערשטן בליק איז ער געווען ניט קיין שיין קינד. צו־ברייטע פלייצעס און צו שארפע שטרייכן; ער איז אבער געווען באוועגלעכער און שפילעדיקער ווי אנדערע קינדער אין זיינע יארן.

צו די פֿאר יאר האט באמערקט דער פאטער ווי זיין זון האט ניט ליב צו שפילן זיך מיטן „טראמפא", וואס ער האט אים געבראכט א מתנה, אויך ניט מיט קיין פילקעס; אנשטאט דעם, ווי נאר ער האט אליין געקענט שטעלן א פיסל און ארומפויזן איבער די צימערן און אין הויף, פלעגט ער בעסער שפילן זיך מיט די לעבעדיקע באשעפענישן ווי דער הונט, די קאץ, די הינער אין הויף און זיך פאליושקען מיט די קאטשקעלעך אינ'ם וואסערל וואס האט געפלאסן אונטערן שטוב.

אויך שפעטער, ווען אין געסל זיינען שכנישע קינדער פון דריי־פיר יאר ווי ער, געלאפן, געשפרונגען, ארויסגעשיליעט „באריליעטעס" אין דער לופטן און געקוויטשעט מיט יעדן שטייגן פונ'ם פאפירענעם פויגל, האט מען דאמינגא'ן ניט געקענט צוציען צו זיי. ער פלעגט זיך האלטן אפגעזונדערט און ליבערשט קוקן מיט גרויס אינטערעס אויף דער קאמבינאציע פון די פעדימער בעת די מוטער האט געהעבט אויף דער וועב־שטול וואס אין הויף.

—

ער פלעגט אויך נאכגיין טריט און שריט דער „נעגרא מאריבא" און ניט אפטרעטן פון איר ביז זי פלעגט אים פון אירע „באבעמעשיות" דערציילן.

„נעגרא מאריבא" דאס איז געווען אן איבערגעבליבענע טרייע שווארצע, אויסגעהאדעוועט ביי די סארמיענטא'ס ווי אן אייגענע אין שטוב. זי פלעגט זיך אפגעבן מיט אלע שווערע ארבעטן פון וואשן און ראמען ארום די עופות און קי אין שטאל, ביז באקן ברויט אין שטוב און אויך באזארגן קינים פאר די האנט און געוועב ארבעטן וואס דאניא פאולא פלעגט אויספארטיקן. דאס אלעס האט זי געטאן בלויז פאר דעם ניט דערעסן... צוזאמען מיט די באלעבאטים.

דאָמינגאָ האָט שפּעטער זיך אַליין אויסגעלערנט קענען פון בלאָטע „מענטשעלעך", וועלכע ער פלעגט אויסשטעלן אין רייען און קאָמאַנדירן מיט זיי, לויט ווי ער האָט עס געהערט אָפט דערציילן אין שטוב זיין פאָטערס גוטע פריינט, די איינטיילנעמער אין די ערשטע באַפרייאונגס־שלאַכטן.

די עלטערע שוועסטער, וועלכע האָט געהאַט גרויסע פעאיקייטן צו צייכענען, האָט דעם פיריעריקן ברודערל אויסגעלערנט קאָפּירן פון ביכער לייכטע בילדער און געשטאַלטן. ער פלעגט זיי נאָכדעם מיטן שערל אַרויסשניידן זייער געשיקט, זיך אַרומטראָגן מיט הויפנס אַזעלכע אויסגעשניטענע פּאַפּירן און ווי צו דעם וואָס האָט געפּראַוועט זיך צורירן צו זיי.

אונטער די פּאַלמען־בוימער, נאָענט פון דער שטוב, האָט ער זיך געהאַט זיין „לאַבאָראַטאָריי" וואו ער פלעגט אויסקנעטן גאַנצע פאָלקן סאָלדאַטן... אַז ער פלעגט מיד ווערן פון די „שלאַכטן", אין וועלכע ער פלעגט אַליין צעשמעטערן זיין ערשט אויסגעפורעמטע מיליטער, האָט ער נעבן זיך געהאַט שער, פּאַפּיר מיט בלייפעדער און ס'פלעגן אויסוואַקסן כלערליי נייע פיגורן און צייכענונגען פון אונטער זיינע געשיקטע הענט.

פון'ם אָרט וואו די מוטער פלעגט אים שטענדיק געפינען אין ערגעץ פאַרנומענעם און שווער אים אָפּרייסן צום עסן אָדער שלאָפן גיין, איז ער אין איינעם אַ טאָג פלוצלינג אַנטרונען. ביז שפּעט אין דער נאַכט זיינען אַלע פון שטוב אַרומגעלאָפן אויבער זיך אַרום דעם גאַנצן געגנט, און אַלע ווייַנגערטנער, געזוכט וואו אַ ווינקל אַן אויסבאַהאַלטנס און אים ניט געקענט געפינען.

דאָמינגאָ האָט זיך געלאָזט איינער אַליין ווייט פון דער שטוב, צווישן די בערג און דאָרטן פאַרבלאָנדזשעט. ער האָט זיך אָבער ניט דערשראָקן. פאַרקערט, צוריק אינדערהיים, פלעגט ער זיך נאָכדעם זייער אָפט אַרויסכאַפּן פון שטוב און זיך אַוועקלאָזן אין די ווייטע געגנטן, פון וועלכע

פ'פלעגן אים צוריק ברענגען אהיים די רייזנדע וואָס פלעגן אויף מויל־אייזלען קרייצן דעם געגנט פון איין פּראָווינץ אין דער אַנדערער.

## דאָמינגאָס דערציאונג

די נייע רעגירער פון לאַנד, די יונגע פּאַטריאָטן, האָבן זיך פאָרגענומען צו פאַרהאַנדלען די „עקס קאָלאָניאַ עספּאַניאָלאַ" אין אַ פריי, געבילדעטן פאָלק און זייער ערשטער שריט דאָס צו דערגרייכן איז געווען אַ באַשלוס צו שאַפן אַ נעץ פון שולעס אין אַלע פּראָווינצן.

דאָן איגנאַסיאָ דע לאַ ראָסאַ — גובערנאַטאָר פון סאַרבואַן איז באַפולמעכטיקט געוואָרן צו שאַפן אין זיין פּראָווינץ אַ שולע פאַר וועלכער מען האָט ספּעציעל באַשטימט לערער פון בוענאָס איירעס.

דער שולע האָט מען אַ נאָמען געגעבן: „דע לאַ פּאַטריאַ", באַשטימט אַלס דירעקטאָר האָט מען דאָן איגנאַסיאָ פערמין ראָדריגעס, און זי איז גלייך איינגעשפּאַנט געוואָרן מיט דריי הונדערט שילער וואָס האָבן אָנגעפאַנגען זיך לערנען לייענען, שרייבן, רעכענען און רעליגיע, — די איינצלנע געגנשטאַנדן וואָס מען האָט דאַמאָלס איינגעפירט.

עס האָבן זיך געלערנט די קינדער פון די רייכסטע פון דער פּראָווינץ, צוזאַמען מיט די אָרימסטע, אפילו די קינדער פון די שוואַרצע שקלאַפּינס, וואָס ביי די שפּאַניאָלישע אַדליים האָבן אויך געלערנט אין „לאַ עסקועלאַ דע לאַ פּאַטריאַ".

דאָניאַ פּאַולאַ, האָט גלייך איר פינף יעריקן זינדל געשיקט אין דער שולע; זי האָט פלייסיק אויסגעאַרבעט נאָך אַ פּאָר טעפּיכער, שפּעט אין דער נאַכט, אויסגעקנאָטן ליכט פאַר די קלויסטערס, אַלץ כדי איר זון זאָל ניט פעלן די העפטן און אַ גאַנצע פּאָר שיך צום גיין זיך לערנען.

זייער שטיבל איז געווען ווייט פון דער שולע, אָבער אפילו אין די געפערלעכסטע וועטערן

האָט זי געשיקט איר זון, כּדי ער זאָל ניט פֿאַרלירן קיין איין קלאַס און ער פֿלעגט שטענדיק קומען דער ערשטער, רופֿנדיק די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די לערער צוליב זיין פֿינקטלעכקייט.

פֿינקט ווען זיין זון האָט אָנגעפֿאַנגען לערנען, איז דאָן קלעמענטע פֿאַרמיענטאָ צוגעשטאַנען אַלס פֿאָלדאַט צו דער גרופּע פּאַטריאָטן וואָס האָבן באַגליים דעם העראָישן פֿעלדמאַרשאַל דאָן כאָסע דיִ סאַן מאַרטין אין זיין נסיעה איבער די אַנדן-בערג.

דאָן קלעמענטע פֿאַרמיענטאָ האָט זיך זייער אויסגעצייכנט אין דער שלאַכט פֿון „משאַקאַבּוּקאָ“, און צוליב זיין אויפֿפֿירונג איז אים פֿאַרטרויט געוואָרן אַן אחריות׳פֿולע מיסיע — צו פֿירן פֿון איין פּראָווינץ אין אַן אַנדערער אַ גרופּע צום טויט פֿאַר׳משפּט׳ע.

אינ׳ם שטיבל פֿון „קאַראַסקאַל“ האָט די אָפּוועזנהייט פֿונ׳ם פֿאָטער זיך געלאָזט שטאַרק פֿילן. די מוטיקע דאָניאַ פּאַולאַ האָט אָבער געאַרבעט אומ-

דערפֿירלעך, ווירע מעכטער האָבן איר פֿריי געהאָלפֿן און דער קליינער דאָמינגאָ האָט אין שולע אָנגעהויבן לייענען און שרייבן.

ווען דאָן קלעמענטע פֿאַרמיענטאָ האָט זיך אומגעקערט אַהיים צו זיינע אייגענע, פֿון דער הערא־אישער נסיעה איבער די אַנדן-בערג, האָט ער מיט גרויס איבעראַשונג געטראָפֿן אַז זיין זונדל, 6 יאָר אַלט, לייענט לייכט פֿון וועלכן ס׳איז ניט איז ביכל וואָס קומט אים אין האַנט אַריין.

דער פֿאָטער האָט באַמערקט זיין קינד׳ס פֿעאיקייטן צום לערנען און זיין אויסערגעוויינלעך גוטן זכּרון. פֿון לייענען בלויז איין מאָל אַ לעקציע פֿלעגט ער זי גלייך שוין קענען זאָגן אויף אויסנווייניק.

אַ דאַנק דעם קינדס פֿעאיקייטן האָט ער זיך מיט ערנסטער איבערגעגעבנקייט אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט אים.

יעדע נאַכט, פֿלעגן אַלע אין שטוב זיך אויסזעצן אינ׳ם גרויסן עס-צימער — די מוטער מיט די טעכ-

טער ביי דער חאנט־ארבעט, איבצוקאמבינירן
די פארבן צו די טעפיכער און דער פאטער פלעגט
ביים טיש, מיט דאמינגאן איבערקוקן אלץ וואס
מען האט אין שולע געלערנט, איינהערן נייע לעק־
ציעס, אויפגעבן אים שווערע רעכענונגען און לאזן
אים ליינען אין דער הויך פון אלטע ביכער וואס
האבן זיך געפונען אין שטוב נאך פון זיין זיידנס.

נאכט נאך נאכט פלעגט מען ביי די פאר־
מיענטאס אין שטיבל, הערן די קלארע שטי־
מע פון'ם אינגל וואס פלעגט לייענען שווי־
רע קאפיטלען פון געשיכטע, געאגראפיע און
עקאנאמיק. דאס קינד האט געלייענט ניט
פארשטייענדיק וואס ער לייענט, אבער עס
האבן ביי אים אין מוח'ל געבליבן פראַ־
זן, דאטן, ווערטער, וועלכע־ער פלעגט אפט אי־
בערחזרן ניט באנעמענדיק זייער אינהאלט.

צווישן די שכנים האט מען זיך גלייך דערוואוסט
וועגן דעם אינגל פון די פארמיענטא'ס וואס „ליי־
ענט פון די ביכער" און אין יענער צייט, ווען ניט
יעדער האט געקענט לייענען, פלעגט מען קומען צו
דאניא פאולא איר בעטן א טובה זי זאל אנטלייען
דעם „דאמינגיטא" כדי ער זאל איבערליינען
א באקומענעם בריוו, א צייטונג וואס פלעגט זעל־
טן ווען אנקומען פון די ווייטע שטעט, אדער א
בוך וואס איינע א פריילן האט באקומען א גע־
שאנק פון עמיצן.

צו די זיבן יאר האט דאמינגא אנגעהויבן לייע־
נען מיט זיין פאטער די ביבל. מאנטעגלעך פלעגט
ער פארליינען א קאפיטל און נאכדעם האט ער
באדארפט מיט אייגענע ווערטער איבערדערציילן
דעם אינהאלט פונ'ם זעלבן.

אין שולע פלעגט דאמינגיטא נאכדעם איבער־
געבן זיינע חברים די עפיזאדן וועלכע האבן גע־
רעגט זיין קינדערשע פאנטאזיע, באגייסטערנדיק
זיינע צוהערער מיט זיין איבגאגעבטער סארט פון
דערציילן.

אין יענער צייט איז אין „לא עסקועלא דע לא
פאטריא" באשטימט געווארן א ספעציעלע אויס־

צייכענונג פאר דעם בעסטן שילער פון אלע קורסן. אלע לערער האבן איינשטימיק איבערגעקליבן אלס דעם אויסגעצייכנטן שילער — וואלענטין פאיזי מינא פארטיענטא'ן.

מען האט פון זיינעטוועגן געמאכט א באנק מיט א שטענדער העכער פון אלע אנדערע און פון יענעם טאג אן האט מען אים באטיטלט: „ערשטער בירגער פון דער שולע".

איז דאס געווען אן אנזאג, פאר דעם וועלכער האט שפעטער געדארפט פארנעמען די העכסטע פאזיציע אלס לערער און פירער פון זיין לאנד און זיין דור?

---

## דאמינגא'ס הברים

אין שולע האבן ניט אלע שילער אים ליב געהאט. זיי האבן ניט געקענט פארליידן זיין אויסצייכענען זיך סיי אין לערנען ווי אויך אין די געמיינזאמע שפילערייען וואס מען פלעגט איינ ארדנען.

זיין שטרענגער און שטאלצער האלטן זיך האט אים פארשאפט א סך שונאים. ער האט אבער גער וואונען די פולשטענדיקע איבערגעבנקייט פון די יונגע שילער אין קלאס, וועלכע האבן אים בלינד געפאלגט ווי זייער א קאפיטאן.

יעדן איינעם פון די טרייע נאכפאלגער זיינע, האט ער באטיטלט מיט א כאראקטעריסטישן צו־נאמען. דאס זיינען געווען: „באריליטא" — דער גראבליטשקער וואס פלעגט זיך קייקלען ווי א פעסל ביים לויפן. „פיאביטא" — דער קלענסטער און דירעקירדיקסטער פון אלע. „וועלימא" — דער הויכער און דארער פון דער גרופע, בײ וועלכן עס האבן גלייך געדינען מרעדן, ווען ער פלעגט אים אן אנטרייבן שטרענגן באפעל געבן. „גואטשא" — איינער א יתום וואס איז אים טריי געווען ווי א הונט און „קאבאמיטא", — דער וואס האט שטענ־דיק געטראגן א אפגעבליאקעוועט קאפאטקעלע מיט וועלכער ער פלעגט אבער שטאלצירן ווי מיט דעם שענסטן מונדיר.

עס פלעגן פּאַרקומען ערנסטע צוזאַמענשטויסן
צווישן דער גרופּע בראש מיט דעם „קאָמאַנדיר",
דאָמינגאָ סאַרמיענטאָ, וועלכער איז צען יאָר אַלט
געווען און א צווייטע „באַנדע" וואָס האָט אויך
בליינד נאָכגעפאָלגט זייער „עלטסטן", און זיין
פאַרביסענער שנאה צו דעם אינגל פון „קאראַבי-
קאל".

די דאָזיקע „שלאכטן" פלעגן פאָרקומען אויסער
דער שטאָט, אין די פאַרנאַכטן, און די געווער וועל-
כע מען האָט באַנוצט איז באַשטאַנען פון שטעקע-
נער, שטיינער און קופּעס שמוץ.

מען פלעגט סון אזעלכע צוזאמענשטויסן זיך
אומקערן אַהיים מיט צעקאַליעטשעטע אברים און
אָפּגעריבענע פינגער פון'ם פרואוון פארהיישן די
פלעקן אויף די מלבושים, פאר וועלכע עס זיינען
געפלויגן פּעטש פון מאַטע־מאַמע.

אין דער היים און אין שולע, האָט מען געמאכט
א שווייג וועגן דעם אַלעמען, אָבער צווישן חברה,
האָט דער פּעטער דאָמינגאָ פּאַסטינאָ געהאַט אַ
שם פון א „מורא'דיקן" קעגנער.

אָפט איז אָבער געשען אַז אויף לאַנגע פּעריאָדן
פלעגט דער קליינער סאַרמיענטאָ פאַרלאָזן זיינע
טרייע סאָלדאַטן, אָפּציען פון זיי אָן קיין שום מאָ-
טיוו און אַן איינזאַמער שפּאַצירן איבער די פרייע
געגנטן אַרום זייער שטוב, צווישן בערג און פעל-
דער, וואוהין עס האָט אים שוין אַלס זייער קליין
קינד שטאַרק געצויגן.

— —

## דאָן כאַסע דע אָראָ

דער פרעסבי-
טער, דאָן כאָסע דע
אָראָ, קרוב און אַסי-
סטער אריינגייער אין שטוב פון די סאַרמיענטאָס,
איז געווען אַ רעליגיעזער, אָבער איינציטיק ליי-
בעראַלער מענטש און האָט זיך אויסגעצייכנט
אַלס רעדנער און פּאָליטישע פּערזענלעכקייט.

זייער אַ געלערנטער און גייסטרייכער, האָט ער ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט געלייגט אויפן פּייאיקן קינד פון זיינע גוטע פריינט און איז שטאַרק באַאיינפלוסט מיט זיין פערזענלעכקייט.

זיי פלעגן צוזאַמען, דאָן כאַסע דע אָראַ מיטן קליינעם אינגל, מאַכן לאַנגע שפּאַצירן און עס פלעגן זיך ציען וואַרימע געשפּרעכן צווישן דעם באַאָרטן מענטשן מיטן צען יאָריקן אינגל וואָס האָט פּויזש אויסגעזען עלטער און האָט שוין אין יענער צייט אויך גייסטיק זיך אויסגעצייכנט מער פון אַלע אַנדערע אין זיינע יאָרן.

דאָמינגאָ פלעגט שטעלן זיין קרוב אַלערליי פראַגן וואָס דער געלערנטער האָט געענטפערט, אילוסטרירנדיק מיט אַנעקדאָטן, דערציילונגען, משלים. אין ספּעציעלע העפטן פלעגט דער שפּעטער פאַרצייכענען גלייך דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע געשפּרעכן, יעדע פראַגע און ענטפער באַזונדער; אויף אַזאַ אופן האָט ער אָנגעזאַמלט מאַטעריאַלן צו וועלכע ער פלעגט אין די שפּעטערדיקע יאָרן גאָר אָפט אָנקומען נאָך אַן עצה.

דער „פּעטער“, ווי דאָמינגאָ האָט אים גערופן, האָט באַמערקט אַז דאָס דאָזיקע אינגל ווערט זייער אָפט באַהערשט, צוליב זיין געפילפולן טעמפּעראַמענט, פון פּחד, וואָס פלעגט אים ממש דערשיטערן און אויפטרייסלען. ער פלעגט גלויבן אין רוחות, אין געשפּענסטער, און ווילדע גייסטער... האָט דער פּעטער זיך גענומען די מי דאָס אויסוואָרצלען און געזוכט מאַכן די נאַטור פונ'ם אינגל.

אין די אָוונטן, פלעגט דאָן כאַסע דע אָראַ פירן זיין חבר'ל איבער דעם בית־עולם צווישן די בערג, כדי אים באַפרייען פון זיינע אומגעלומפּערטע אַבערגלויבענישן.

„ווען מען פאַרלירט דעם שרעק פאַרן טויט, קען מען מוטיק לעבן און לערנען קענען דאָס לעבן“ —

די דאָזיקע הערטער פונ׳ם פעטער האָט דאָמינגאָ פאַרשריבן אין זיינע העפטן.

דאָן באָסקאָ דע אָראָ האָט מיט אויפגעהייטערן גע־דולד געפילט די כאַראַקטעריסטיקן פון זיין שי־לער און חבר און עס איז צווישן זיי אויסגעוואַקסן א גרויסע פריינטשאַפט וועלכע האָט געשלאָגן טי־פע וואָרצלען.

נאָך פון דער פריסטער יוגנט האָט דאָס אינגל פון „קאַראַבקאַל" איינגעזאַפּט אין זיך פון זיין פעטער, באַגריפן וועגן רעפאָרמען אין דער אַרדיי־נונג פון לאַנד; ביי אים האָט ער געלערנט וועגן סאָציאַלע פּראָבלעמען, עקאָנאָמיק, פּאָליטיק, הוי־מאַניזם, נייע לעבנס פאָרמען און וועגן א העכערן גייסטיקן ניוואָ פאַר אַלע קלאַסן פון פאָלק אָן אונטערשייד.

פונ׳ם „פעטער" האָט ער איבערגענומען דעם קעמפערישן גייסט וועלכער האָט פאַר קיין שום זאַך נישט אָפּגעשטעלט זיך, קיים איז ער גע־וועזן איבערצייגט אַז ער איז גערעכט. דאָס גלייבן אויך די אייגנאַרטיקייט צו איבערדריקן זיינע געדאַנקען אין א שאַרף און איינזייטיק באַפליגלטן סטיל און דעם מוט און קוראַזש אַקעגנצושטעלן זיך אפילו די הייכסטיקסטע פּערזאָנען.

ניט איינמאָל האָבן די פריינט פונ׳ם פעטער באַ־דאַרפט אינטערווענירן כדי מען זאָל באַפרייען דעם אינגל, וועלכן די פּאָליציי האָט פאַרנומען, פאַר זיין „שאַרף צינגל" אַקעגן דער רעפרעזענטאַ־טיווער מאַכט.

אַלס בחור, האָט מען אים איינמאָל אין א טאָג פאַר זיין חתונה, געבראַכט פאַרן גובערנאַטאָר אַליין. דער דאַמאָלסט 15 יעריקער פּראָווינץ־אינגל האָט זיך גאָרנישט דערשראָקן בשעת דער „אוי־דיענץ". פאַרקערט, אַז ער איז אַריינגעקומען וואו עס איז געזעסן דער שטרענגער הערשער פון דער פּראָווינץ, האָט ער אַראָפּגענומען רעספּעקטפול זיין הוטל. באַמערקנדיק אָבער אַז זיין „פאַרהער־דער" זיצט און טרינקט זיך זיין „מאַטע" אין ענט־

אָראָ האָט געפּלאַנצט אין דעם באַגאַבטן מוח, די אַלע געשפּרעכן וואָס האָבן ניט געקענט איפּגע־נומען ווערן גלייך אין זייער גאַנצקייט, האָבן ערשט שפּעטער געהאַט זייער גרויסע ווירקונג.

אַליין פון זיך האָבן זיך ביי אים אַנטוויקלט פּאַ־גריפן, דער קאָפּ האָט געאַרבעט און ס'האָט דער קליינער דאָמינגאָ אָנגעהויבן זוכן די קוועלן וואו צו שעפּן דעם דורשט פון וויסן וואָס איז אין אים רייף געוואָרן.

---

## פאַרשלאָסענע טירן

אין יאָר 1821 האָט איטורבידע אויפגעוואָרפן די שטענדיק וואַקסנדע פאַן פון פראַנסיסק צוליב פּאָליטישע איבערקערענישן.

„לאַ עסקועלאַ דע לאַ פּאַטריאַ", וואו עס האָט געלערנט דער קליינער סאַרמיענטאָ, איז גלייך גע־שלאָסן געוואָרן אויף אַן אומבאַשטימטן טערמין.

דאַמאָלסט האָט דאָן פּאָסע קלעמענטע סאַ־רמיענטאָ באַשלאָסן זיך ווענדן אין דעם סעמינאַר „לאָרעטאָ" פון דער שטאָט קאָרדאָבאַ, כדי אויס־ווירקן פאַר זיין זון אַ סטיפּענדיע, ער זאָל קענען ווייטער לערנען. ער האָט גענומען זיין זון און ביידע האָבן זיך געלאָזט אין שווערן וועג מיט זייער באַשרענקטע מיטלען, אָבער מיט גרויסע האָפ־נונגען.

אינ'ם סעמינאַר „לאָרעטאָ" פון קאָרדאָבאַ האָבן זיך געלערנט די זין פון די גוט־שטייענדע פאַמי־ליעס און אדלייט פון כמעט אַלע פּראָווינצן אַרום. די טירן פון דעם דאָזיקן סעמינאַר האָבן זיך אָבער ניט געוואָלט עפענען פאַרן אָרימען אינגל פונ'ם „קאַראַסקאַל".

עס האָבן ניט געהאָלפן אַלע באַמיאונגען פון דעם פאָטער. נאָך אַ לאַנגער צייט וואָס ער האָט אומזיסט אָפּגעקלאַפּט אַלע טירן און וועלכע מען האָט אים געקענט באַפרייען פון די שווערע אָפּ־צאָלונגען פאַרן לערנען פון זיין קינד, האָבן פאַ־

טער און זון אנטמוטיקט, דעמאראליזירט און צעהייטיקט זיך אומגעקערט אין זייער פראווינץ.

דער דאזיקער קלאפּ האט זייער געווירקט אויפן געזונט־צושטאנד פון דאן קלעמענטע, וועלכער האט ניט געקענט שלום מאכן מיט דעם געדאנק אז פאר א טרייען סאלדאט פון „טשאקאבוקא" זאלן ניט זיין קיין מעגלעכקייטן צו געבן בילדונג זיין איינציקן זון.

דעם 2־טן פעברואר פון יאר 1823, האט דער נייער רעגירונגס־מיניסטער בערנארדינא ריוואדאוויא, ארויסגעגעבן א דעקרעט: „פון יעדער פראווינץ פון׳ם ריא דע לא פּלאטא זאלן אויסגעקליבן ווערן די בעסטע שילער אין צאל פון זעקס, זיי וועט די רעגירונג אויף אייגענע הוצאות לאזן לערנען אין די העכערע שולן פון בוענאס איירעס".

די דאזיקע ידיעה איז אויפגענומען געווארן מיט גרויס באגייסטערונג אין יעדער פראווינץ און עס האבן פארלאזט זייערע היימען א סך יונגע קינדער וואס א דאנק דעם דאזיקן דעקרעט האבן געזען פאר זיך אפן א טרייען וועג צו א נייעם לעבן.

דער אויסגעצייכנטער שילער — דאמינגא פאוסטינא סארמיענטא — איז ניט געווען צווישן די זעקס וואס די ארטיקע פּאליטיקער האבן אויסגעוויילט פון די שילער פון „לא עסקועלא דע לא פאטריא", אין דער פראווינץ סאנכואן.

אין גרויס פארצווייפלונג, האט דאן קלעמענטע, דער פאטער, אנגעשריבן א ספּעציעלע בקשה צום גובערנאטאר פון דער פראווינץ בוענאס איירעס — דאן מארטין האדריגעס.

אין דעם דאזיקן בריוו, געשריבן אין פשוטן אבער זייער ריינעם סטיל, האט דאן קלעמענטע סארמיענטא, דערמאנענדיק זיינע לייסטונגען פארן פאטערלאנד, רעקאמענדירט זיין איינציקן זון און געבעטן אויך פאר אים די באשטימונג פון א סטיפּענדיע אויך צו פארן זיך לערנען.

„מיין זון וועט זיכער אָפּצאָלן זיין פאָלק, אייב מען וועט אים נאָר דערמעגלעכן צו לערנען און בילדן זיך" — האָט דער פאָטער געשריבן, ווייל ער האָט זייער געגלייבט אין די פעאיקייטן פון זיין דאָמינגאָ.

די דאָזיקע בריוו ליגט אין די אַרכיוון, און די גרויסע רעגירונגס־אַרכיוון, אָן קיין שום ענטפער דערביי.

אינ'ם שטיבל פון „קאַראַסקאָל" האָט מען לאַנגע טעג געוואַרט אויף דער באַשטעטיקונג און דאָניאַ פּאַולאַ האָט אפילו צוגעגרייט די אָרימע פּאַר מלבושימלאַך פון איר זון, און וועג אַריין.

קיין ענטפער אויף דער ביטע איז קיינמאָל ניט געקומען.

דאָמינגאָ איז דאַמאָלסט אַלט געווען 12 יאָר. שטיל אין זיך האָט איבער זייער ווי געטאָן דער אומרעכט האָט מען איז באַגאַנגען קעגן אים, ווען ער האָט געזען ווי זיינע חברים, די וואָס ער געגנט שטענדיק אַרויסהעלפן און זייערע אייגענע, פאָרן אַוועק זיך לערנען אין בוענאָס אײרעס.

ער האָט געוואוסט אַז פיל פון זיי וואָלטן אויף אייגענע קאָסטן געקאָנט פאָרן זיך לערנען, ווייל זיי זיינען געווען קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן. ער האָט אָבער זיין ווייטיק פאַרבאָרגן — ער איז צו שטאָלץ געווען און האָט צו פיל געגלייבט אין זיינע כוחות כדי זיך לאָזן אַנטמוטיקן פון אַזאַ קלאַפּ.

דאָמינגאָ האָט געטרייסט זיינע פאַרצווייפלטע עלטערן און באַשלאָסן אַז ער וועט גיין אַרבעטן און אָפּשפּאָרן געלט אויף פאָרן לערנען.

---

## צו זעלבשטשטענדיקייט

צו צוועלף יאָר איז דאָמינגאָ פאוסטינאָ אַריין אַלס באַהעלפער אין אַ שפּייזקראָם פונ'ם שטעטל. מען האָט איז געשטעלט ביי דער שוואַרצער אַר־

נער פון וועלכע ער חלומט אין איין מאָל פאַרצייכענונגען?

אין יאָר 1826 קומען פאָר נייע פּאָליטישע אומאָרדענונגען אין דער פּראָווינץ סאַרדיניען און צוליב זיין אַקטיווען אָנטייל אין זיי, האָט דאָן כאַסטע דע אָרא געמוזט אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן ווייט פון זיין פּראָווינץ.

פאַרן אַנטלויפן, האָט דער פּרעסבימער פאַרגעלייגט זיין שילער און בעסטן חבר דאָמינגאָ׳ן, אַז ער זאָל מיט אים אויך מיטפאָרן אין דער פּראָווינץ סאַן־לואיס און דאָרט צוזאמען פּרואוון זייער נייעם מזל. דאָמינגאָ האָט זיך ניט געקענט באַשליסן צו פאַרלאָזן זיין היים און זיין פּראָווינץ אָן קיין באַשטימטן ציל, ס׳האָט אָבער גלייכצייטיק געצווינגן אים צו באַגלייטן זיין „פּעטער", צו וועלכן ער איז געווען זייער צוגעבונדן.

דאָניאַ פּאַולא איז געווען די וואָס האָט צוגערעדט איר זון, ער זאָל פאָרן אָנקוקן נייע געגנטן, נייע מענטשן, זי האָט אים געשטופּט צו דער נסיעה.

צו די 15 יאָר האָט דאָמינגאָ פאַוסטינאָ, פאַרלאָזט זיין היים, דעם געגנט „קאַראַסקאַל", פון וועלכן ער האָט געקענט יעדער שטיין, יעדן בערגל, יעדעס סטעזשקעלע וואו ער פלעגט אַרומוואַנדערן און פירן זיינע „פּאַלאַ" געשפּרעכן. אין יענעם געגנט האָט ער זיינע קינדעריאָרן זיך אויסגעלעבט און, ווי זיין מוטער די פילקאָלירטע פעדימער אין די רייכע טעפּיכער, האָט ער געוועבט זיינע חלומות צווישן באַרג און פעלד.

---

## „על מאַעסטראָ"

סאַן פראַנציסקאָ דעל מאָנטע, — אַזוי האָט געהייסן דאָס אָרט אין דער פּראָווינץ סאַן־לואיס וואו עס האָבן זיך צייטווייליק באַזעצט דאָן כאַסטע דע אָרא און דער אינגל פון׳ם „קאַראַסקאַל".

דאָס איז געווען כמעט אַ ווילדער געגנט, צווישן וועלדער. איינבאַהאַלטענע, צווישן בערגלאַך און אין כאַטעס פון בלאָטע און שטרוי האָבן זיך דאָרט געפונען ווילד־צוריקגעשטאַנענע „נאַטיוון" ווייט פון יעדן שפּור פון ציוויליזאַציע.

דער יונגער פאַרטיזאַנקא, אנשטאָט זיינע שפּאַצירן איבערן „קאַראַסקאַל" האָט זיי איצטער געמאַכט צווישן די דאָזיקע געגנטן וואו ער האָט באַאָבאַכטעט מיט גרויסן אינטערעס אַלץ וואָס ס׳האָט אים אַרומגערינגלט. ער האָט זיך צוגעקוקט צום אַרט לעבן פון די מענטשן פון יענעם אָרט, זייער כמעט ווילדן צושטאַנד און איז געוואָרן אַן אָפטער אַרייַנגייער אין זייערע געצעלטן.

די ערשטע צייטן האָט מען פאַר אים מורא געהאַט. זיין שפּראַך האָט פאַר זיי געקלונגען פרעמד און זיי האָבן מיט גרויסן פאַרדאַכט געקוקט אויף די ביכער און העפטן מיט וועלכע ער פלעגט זיך שטענדיק אַרומטראָגן.

ביסלעכווייז האָט אָבער דער פאַרביאַנער אינגל געוואונען זייער צוטרוי. ער פלעגט פאַר זיי פאַרלייענען פון די דאָזיקע ביכלאַך פאַר וועלכע זיי האָבן זיך געשראָקן, דערציילונגען, געשיכטעס, וועלכע זיינען די פרימיטיווע זייער געפעלן.

אויף אַ בערגל פלעגט מען זיך צוזאַמענקומען פון אַלע „ראַנטשאָס" פון אַרום. דער פרעמדער 15 יאָריקער אינגל פלעגט פאַר עלטערע און שטאַרקערע פון אים, וואָס האָבן אָבער דעם גרעסטן רעספּעקט און יראת־הכבוד אים אַרויסגעוויזן, פאַרלייענען מיט קלאָרער דיקציע און ווייכער שטים, קאַפּיטלען פון דער ביבל, ווי אַמאָל אין די ביינאַכטן פאַר זיין פאָטער, מוטער און שוועסטער. ער פלעגט זיי דערקלערן אויף זייער אייגענער, פרימיטיווער שפּראַך אַלץ וואָס עס איז פאַר זיי ניט פאַרשטענדלעך געווען.

אין איינעם אַ טאָג, האָט ער אויף אַ העפט געוויזן פאַר זיי ווי מען שרייבט עס די דאָזיקע אוי־

תיות פון וועלכע מען לייענט אַרויס אַזעלכע שיינע זאכן. ער האָט אָנגענומען די שווערע טונקעלע האַנט פון איינעם פון זיי און געפירט מיט איר מיטן בלייפעדער אזוי, אַז יענער האָט אַ פאַרגאַפטער צוגעזען ווי מיט אַ כישוף, גייען אַרויס אויפן פּאַפּיר צייכנס וועלכע מען רעדט אַרויס מיט קלאַנגען.

— ווי אַזוי רופט מען דיך?

— „נעגראַ".

— נו, אַט האָסטו שוואַרץ אויף ווייס, דיין נאָמען איינגעשריבן.

אַזוי האָט ער אויפגעוועקט ביי זיי אַ חשק צום קענען שרייבן אַט די שוואַרצע צייכנס און קענען לייענען פון די ביכער יענע מעשׂיות. ער איז געקומען צום בערגל יעדן טאָג, ווען די זון־שטראַלן האָבן שוין ניט געברענט שטאַרק, מיטגעבראַכט בויגנס פּראָסט פּאַפּיר און מיט קוילן אויף זיי געצייכנט די ערשטע ווערטער, די ערשטע נומערן, וועלכע אַלע האָבן מיט גרויס אָנשטרענגונג פריער, אָבער האָט אַמאָל ליכטער נאָכגעמאַכט.

עס האָט געוואַקסן די צאָל שילער ביים בערגל. יעדן טאָג איז צוגעקומען אַ נייער וואָס האָט אין זיין „ראַנטשאָ" געהערט וועגן דעם „מאַעסטראָ", וואָס לערנט אַלעמען לייענען און שרייבן.

שפּעטער האָט דער יונגער לערער מיט דער הילף פון דעם פאַטער דע אַראָ, אָנגעצייכנט אַ פּלאַן פון אַ בנין פאַר אַ שולע, פון פאַך־ביכער האָט ער געלערנט לאַנגע נעכט און נאָכדעם צוגעטראָטן צו פּראַקטישער אַרבעט. אַלע שילער האָבן אים געהאָלפן און צוזאַמען האָט מען אויפגעשטעלט אַ ווייסע געביידע, מיט איין גרויסן, לופטיקן און גוט באַלויכטענעם צימער, וואָס איז געוואָרן די שולע פון „סאַן פראַנסיסקאָ דעל מאָנטע דע אַראָ".

ווי זיין מוטער, וואָס האָט מיידלווייז געבויט פאַר זיך אַ היים און דאָרטן איינגעוואָרצלט איר

און אירע קינדערס אַרבעטזאַם לעבן, אַזוי האָט דער קליינער סאַרמיענטאָ מיט אייגענע הענט אַ שולע זיך געשאַפן און זיינע ערשטע טריט געי שטעלט אין זיין קאַמפפולן אייגנאַרטיקן לעבן.

---

אויפן בערגל פון סאַן פראַנציסקאָ דעל מאָנטע, איז דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ — דער, פאַר וועלכן עס זיינען געווען געשלאָסן די טירן פון די סעמינאַרן און אוניווערסיטעטן, אַנערקענט געי וואָרן צו די 15 יאָר אַלס לערער פון אַ גרויסער צאָל פּרימיטיווע פּאָלקס־מענטשן וואָס זיינען דורך אים אויסגעלייזט געוואָרן פון דער פינסטערניש פון זייער איגנאָראַנץ.

דאָרטן אין דער ווילדעניש, האָט דער אינגל פון „קאַראַסקאַל" דערפילט זיין באַרוף, זיין מיסיע צו קעמפן קעגן דעם אַנאַלפאַבעטיזם פון זיין פאָלק.

דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ, דער יונגער „מאַעסטראָ" פון סאַן פראַנציסקאָ דעל מאָנטע, האָט זינט דאַן אָפּגעגעבן יעדן טאָג פון זיין לעבן פאַר אַ ווערק וואָס קען ניט גענוג אָפּגעשאַצט און געמאָסטן ווערן, געקעמפט מיט איבערגעוויינלע־ כן אייפער און קראַפט קעגן די אַלע שוואַרצע כּוחות וואָס האָבן געוואָלט אומברענגען אים און זיין לאַנד.

זיין לעבן איז געווען אַ גרויסער קאַמף אָבער אויך פול מיט איבערגעוויינלעכע באַפרידיקונגען און דערגרייכונגען. אַן אויטאָדידאַקט און זעלבסט געבילדעטער האָט ער געשטיגן צו די העכסטע שטאַפּלען אַלס פּולקאַמע און פּאָליטיקע פירער־ לעכקייט.

סאַרמיענטאָ האָט באַזוכט די גרעסטע לענדער פון אייראָפּע. ער איז געווען לאַנגע פּעריאָדן אין טשילע, פּאַראַגוואַי און אויך אין נאָרדאַמעריקע, שטענדיק אין הויכע מיסיעס פאַר זיין געבורטס־ לאַנד, אַלס קולטור־טוער און שטאַטסמאַן. ער איז געווען דער וואָס האָט געשלאָסן גייסטיקע און עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען מיט די דאָזיקע

לענדער, צו גרינדן דעם אויפבלי פון דער אַרגענ־טינער רעפּובליק.

דער איגל פון „קאַראַסקאַל" איז אין די יאָרן 1868—1874 געווען פּרעזידענט פון זיין רעפּובליק. זיינע ליכטונגען אָבער פאַר דער קולטור פון זיין פאָלק און פון שכנישע פעלקער האָבן זיך ניט גע־ענדיקט מיט זיין פּרעזידענץ און אויך ניט מיט זיין לעבן — זיין גייסט שוועבט אין יעדער שולע, אין יעדער ביבליאָטעק און אין יעדן אַנשטאַלט וואו עס ווערט געלערנט.

דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ איז געוואָרן דער סימבאָל און וועגווייזער פאַר יעדן וואָס וויל לערנען און דערגרייכן צו דאָס העכסטע און נאָ־בעלסטע, פאַר זיך און פאַרן פּראָגרעס פון פעל־קער.

אויף זיין מצבה האָט ער געלאָזט אויסשרייבן פאָלגנדע ווערטער, וועלכע זיינען דער סינטעז פון זיין גאַנצן שטרעבן און קעמפן: „אַ מ ע ר י ק ע: אַ פ ר י י ע ה י י ם פ אַ ר אַ ל ע ג ע ט ע ר, אַ ל ע ש פּ ר אַ כ ן; מ י ט ע ר ד א ו ן ט י י כ ן פ ר י י פ אַ ר י ע ד ן".



# פרעמדווערטער

„קאראסקאל" — אן ארימער געגנט צווישן בערגלאך אין פראווינץ סאן כואן.

פראווינץ סאן כואן — א פראווינץ אין צפון פון דער ארגענטינער רעפובליק.

„מאדרע פאטריא" — די מאמע „פאטערלאנד"

„קריאושא" — טיפיש-ארגענטינער געבוירענער

„סאנטא דאמינגא" — דער הייליקער דאמינגא פון דער קריסטלעכער קירכע.

„טראמפא" — א שפילצייג וואס מען מאכט עס טאנצן ווי א דריידל.

„דע לא פאטריא" — פון דעם פאטערלאנד.

„באריליטא" — פעסעלע

„פיאכיטא" — לייזעלע

„וועליטא" — ליכטעלע.

„גואטשא" — אויסגעהאדעוועט ניט אויף דער מוטער'ס מילך.

„קאפאטיטא" — קאפאטקעלע.

„סיעסטא" — די שעה'ן פון אפרו און שלאפן נאך מיטאג.

„על מאעסטרא" — דער לערער.

„קאבילדא" — דאמאלסטיקע רעגירונגס-הויז.

„לא פלאטא" טייך — דער אזוי גערופענער „זילבערנער טייך".

„בארילעטעס" — אזא שפילצייג געמאכט פון פאפיר, וואס מען לאזט עס פליען אקעגן ווינט מיט ניט-קאמבינירטע פעדימער וועלכע מען יארך געשיקט אין פלינק קענען ציען.

„לא עסקועלא דע לא פאטריא" — שולע פונ'ם פאטערלאנד.

„טשאקאבוקא" — אן ארט אויף די אנדן-בערג, באוואוסט צוליב דער שלאכט וואס דער פעלד-מארשאל סאן מארטין מיט זיינע חילות האבן דארט געפירט קעגן דעם רעאליסטישן מיליטער, פאר דער באפרייאונג פון טשילע.